להאיר להם את הדרך

# דאס ליכט

אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. ארטאדאכסיש ארגאן פאר גאליציע. ערשיינט יעדען פרייטאג.

Kraków, dn. 30 marca 1931. ב״ה קראקא, ערב פסח תרצ״א. (עירוב תבשילין) ב׳ דפסח ליכט צינדען 5.58 מוצש״ק 7.18

Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel. 120-96. — אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלס 4. טעל. 120-96.

יחיאל פרידמאן ראדום.

# דער פערלוירענער ערב־יום־טוב.

אין די לעצטע יאָהרען איז אונז פערלוירען געגאנגען דער ערב־יום־טוב. און איבער דעם האט זיך געלוינט עפּיס צו זאגען. דער ראזיגער פּערלוסט פיהלט זיך בעזונדערס אין אָט, די טעג, אין דער ערשטער וואך פון ניסן, ווען דער פּסח האלט ביים אָנקומען אויף דער יודישער גאס, ווען אלץ אין אלעס איז איינגעהילט געווען אין נשמה־יתירה'דיגען לבוש. און בּגזהויכט מיט א רוחניות'דיגען גלאנץ, וואס האט אזוי ווי אָנגעזאָגט און מבשר געווען : אָט קומט דער יום־טוב פון פרייהייט און אויפלעבונג.

ס'איז נישטא היינט דער א מאָליגער יום־טוב־פיבער, נישטאָ דאס גרויסע פּאָרעניש, טומלעניש און רוימעניש פון א אמליגען ערב־פסח.

דער ערב־יום־טוב ווערט בלייך, מיר ווילען זיך נישט אָב־שטעלען איבּן יום־טוב גופא, ווי אזוי ער האט אויסגעזעהן אָ מאהל און ווי אזוי ער זעהט אויס היינטיגע צייטען, דאס איז א קאפּיטעל פאר זיך, אבער אינס לעבען שפּילט אמאל דער ערב־יום־טוב פּינקט אזא ראלע ווי דער יום־טוב. די צוגרייטונג איז צייטענווייז וויכ־טיגער פון דער דערגרייכונג. די דערוואַרטונג די שפּאנונג -— וואס קאָן זיין ליעבער ? גראד זענען די יודישע שבתים און ימים־טובים זעהר פערבינדען מיט'ן בעגריף פון „מלכות", מאַיעסטעטען שבת איז יישבת מלכתא", קעניגיין שבת, און פּסח פערוואנדעלט דאס גאנצע יודישע הויז געזינד אין א פאמיליע פון פרינצען. אין מיר ווייסען זעהר גוט. אז די צערעמאניע. פון אכווארטען . זיין מאיעסטעט איז אפטמאל אזוי שיין ווי די מאיעסטעט גופא.

ווי אזוי האט אויסגעזעהן אמאל דער שבת־הגדול, אָט דער דער לעצטער שבת פאר פסח, דער שלוס־שבת נאך דעם לאנגען שווערען ווינטער ? — ער איז געווען, ווי דאס פארהויז פונם פרעכ־טיגען פּסח, אין איהם האט מען שוין אנגענומען די יום־טוב'דיגע פאזע, אין שטוב האט זיך שוין געפיהלט די יום־טוב־שטימונג. אלץ איז געווען געכ'שר'ט, געוואשען, געקאלכט „און די קינדער פלעגען שוין ארומגען אין די נייע מלבושים'לעך. שבת הגדול האט מען געקאנט הערען די גרעסטע צאהל „תתחדשין" אויף דער יודישער גאס, „ביי ווען געגייהט" ? „טרגאט געזונט !" — „ס'ליגט ווי ווי אויסגעגאסען". דאס זענען געווען די קורצע שמועסען אין שטיב, און אין דרויסען, אין נייע מלבושים. אין נייע היטלעך און קא־מאשען האט די יודישע משפחה פאראדירט אויף גאט ליכט גאָר וועלט, אין די ערשטע פריהלונגס־טעג. אונטער די נור וואס אויס־געלייטערטע הימלען.

און עס געהערט געווים צו די טרויעריגסטע קאפּיטלען פון אונזער היינטיגער געשיכטע אָט דער פאקט, וואס דער שבת הגדול ווי בכלל דער ערב־יום־טוב, ווערט פערווישט און פער־שוואונדען. דער יום־טוב, וואס ווערט אויפגענומען אהן א געוויסער צוגרייטונג אהן א פיבערדיגער ערווארטונג, וואס עס פאסט פאר אזא הויכען גאסט ווי דער פּסח ביי זיין בעזוך ; א פייערליכע שטימונג אנ'אבפרישונג און א דערמונטערונג.

זעהר ווייניג ווערט איבער דעם גערעדט, און ווען א גאנץ קיילעכדיג יאהר רעדען מיר און שרייבען ווענען דער טאג־טעג־ליכער נויט אויף דער יודישער גאס, וועגען דער פעראָרימקייט, וואס שפּרייט זיך אוים ווי אנ'עפּידעמיע אין אונזער רייהען — עטאנען מיר גאנץ ווייניג די מאראלישע זייט, די גייסטיגע צו־בראכענקייט, וואס געהט נאך אלס רעזולטאט פונם דלות. וויפיעל פרישקייט און ענערגיע פלעגט אמאליגע יאהרען אריינברענגען דער יום־טוב אין דער יודישע הים ! וויפיעל מאראלישע כחות. האפערדיגקייט, מוט און אפּטימיזם פלעגט דער יוד בעקומען צו זאמען מיט זיינע ארבע כוסות ביים מלכות'דיגען טיש אין דער פּסח־נאכט ! אבער די כסדר'דיגע נויט מאכט מאגערער די שבתים בלייכער — די ימים־טובים.

בּיסלעכווייז, יאהר איין, יאהר־אוים, פעּרלירט דער יוד דעם קאנטאקט מיט'ן לוח, מיט זיין לוח, וואס פלעגט פיהרען זיין לעבען ווי א רייזע איבער א שווערען שאסיי מיט בעקוועמע קיעטשמעס ביי דער זייט, אָט איז א קאלטער ווינטער און ביי דער זייט א פריהליכער חנוכה. אט ציהען זיך א פאר צעהנדליג שווערע קילאמעטערס : טבת און שבט, אבער גליך פאהרען מיר ארויף אויף א ברייטען שליאך ; חמשה־עשר. און נאך א ביסעל — פורים. און העט דאָרט ווינקט שוין די ליעבע אכסניא ; ניסן, פּסח זומער לעב.

וואס איז דער יודישער לעבענס־פּאסאזשיר אָהן זיין לוח. אהן די צעשפּרייטע ליכטיגע ימים־טובים. אהן די אכרוה : פלעצער ? — אנ'עלענדער, פערשטויבטער וואנדערער אהן א נאכטען און אהן א מארגען, וואוהין געהט ער ? וואס ווארט אויף איהם ? מיט וואס וועט זיין אנדערש זיין מארגענדיגער טאג פאַרן היינט ? — נור דער לוח, דער יודישער לוח, וואס צעהלט יאהרען פון יודישער געשיכטע, פון יודישער ארבייט. יאהרען דורכגעפלאכטען מיט נאַ־ציאנאלע טרויער־טעג אין יום־טוב־טעג— ער איז דער דער ליעבער וועג־ווייזער, דער גוטער חבר, מיט וועלכען עס געהט זיך אזוי פרעהליך אין גאָט ווילט צום ערשט־עבען „אחרות הימים".

עס איז נישט קיין צופאל, וואס די שונאים פון יודישען פאלק, וואס ווילען אבווישען וואס שנעלער דאס יודישע פאלק פון דער עטנאגראפישער מאפע, ציעלען גראד אין די יודישע ימים טובים, ווילען אונטערברעגנען. פערניכטען אָט די בעזונדערע פייערליכע טעג פונם יודישען יאהר. די אנטי־יום טוב קאמפּאניעס, וואס ווערען געפיהרט אין קאמוניסטישען לאגר, האבען דעם איינ־ציגען צוועק : פערניכטען דעם יודישען לוח, צושטערען יענעם בעזונדערען וועג, מיט וועלכען דאס יודישע פאלק געהט דורך דאס לעבען.

אין דער דאזיגער הינזיכט דאַרף געטראכט ווערען וועגען זעלבסט־שוץ, פונקט ווי מיר שטעלען זיך צום ווידערשטאנד געגען דער מאטעריעלער נויט, מיט אלע מיטלען, וואס מיר האבען, מוז מען זיך פערטיידיגען געגען דער מאראלישער פעראָרימקייט דער גייסטיגער שווינדזוכט, וואס עסט אויף אונזער ארגאניזם. אויב אין דער היינטיגער פרייער און ליכטיגער צייט קאנען נאך ארומגעהן בלוטיגע לעגענדעס איבער אונזער פּסח ; אייב יאהר איין יאהר אוים, ווערען נאך יודען געשלאגען, דא אין גריכענלאנד, דא אין ליטא און דא אין רומעניען, צוליעב דער לעגענדע, אז זיי בענוצען קריסטליך בלוט צו זייערע מצות — פאר וואס זאלען מיר אונזער לעגענדע נישט איינהאלטען אונזער בטחון, אונזער בטחון, אונזער יום־טוב'דיגער פרייד ? פאר וואס זאלען מיר דערביי זיי ווייניגער השגים ווי אנדערע ?

אָרים דאס לעבען, חושכדיג און פערזארגט דאס יודישע פּנים, קארגליך די הכנות צום סדר־טיש. אבער דעם יום־טוב סא מען דאך איינגעווארטירען אין געמיט, אין הארצען, און אויב עס פערפעהלען מיטלען אויף צו בעפוצען די שטוב, אויב עס פער־פעהלט אין טייסטער אויף ניי געשיר — זאל נישט פערפעהלען אינס ערב יום טוב דער אלטער יודישער אפּטימיזם, די אלט יודישע תקופות, א שווערען ווינטער דורכגעקומען און בעסער מוז עס ווערען.

---

ב. פאטישמאן.

# ליל שמורים...

## א פאלקס מעשה לכבוד פסח,

אין דער בעהמישער מדינה, אין דער הויפט־שטאדט פראג האט געלעבט א בעריהמטער רבי, א גרויסער צדיק און א הייליגער מאן. געהייסען האט ער רבי לוי. און מ'האט איהם גערופען מהר"ל. דער מהר"ל איז געוועזען זעהר בעליבט און געאכטעט אין דער שטאדט פראג און אויך אויסער דער שטאדט, סיי ביי יודען און סיי ביי נישט־יודען, וועגען דער גרויסער מאס קענטענישען אין תורה און חכמה וואס ער האט זיך ערווארבען, און אויך צוליעב זיינע גוטע מעשים, וואס ער האט געטהון צו יעדען מענש, וועלכער איז בעשאפען געווארען אין ג—ט'ס עהנליכקייט. אלע מענשען האבען איהם בעטראכט ווי א מלאך פון ג—ט און זיי האבען איהם אפגעגעבען גרויס כבוד. נישט איין אומשולדיגען מענש האט ער גראטעוועט פון א סכנה דורך זיינע קליגע עצות, און נישט איינמאל האט ער צושטערט די פלענער פון יודישע שונאים וואס האבען געפלאנט צו ברענגען א אומגליק אויף יודען נאר צוויי מענשען האבען זיך געפונען אין דער שטאט פראג, וועלכע האבען דעם מהר"ל פיינד געהאט און זיי האבען געטראכט איהם דאס לעבען צו פערביטערן; איינער איז געווענען דער קאטוילישער בישאף, וועלכער האט געוואוינט אין פראג און דער צווייטער איז געוועזען א גלח, א משומד, וועלכער איז פריהער אליין געוועזען א יוד און שפעטער האט ער זיך געטויפט און איז געווארען א שונא ישראל. דער לעצטער איז זעהר בייז געוועזען אויפ'ן יודישען רב, ווייל ער איז איהם אלעמאל געשטאנען אין וועג און איהם נישט געלאזט אויספיהרען זיינע פיינדליכע אנפאלען אויף דער יודישער קהלה אין פראג, און ווייל דער רב האט איהם צו רעכט געוויזען און איהם געזאגט שטראף־רייד פאר דעם אומרעכט וואס ער וויל טוהן צו זיינע אמאליגע ברודער גאנץ בחנם. דאס האט דעם גלח־משומד זעהר פערדראסען און ער האט געשוואוירען זיך נוקם צו זיין אין דעם רב און אין אלע פראגער יודען. איז דער גלח אלעמאל געגאנגען צום בישאף און איהם אנגערייצט אויפ'ן מהר"ל זאגענדיג, אז ער, דער יודישער רב, איז דער גרעסטער שונא פונ'ם קריסטענטום. האט דער בישאף געגעבען זיין האנד צום גלח־משומד און זיי ביידע האבען זיך ארומגעטראגען מיט איין עצה, אפצורוימען דעם מהר"ל פונ'ם וועג און צו ברענגען אנ'אומגליק אויף אלע יודען פון פראג.

2.

ס'איז געקומע די ערשטע נאכט פון פסח. דער אלטער רב, דער הייליגער צדיק רבי לוי, זיצט זיך אנגעלעהנט אויף זיין הסבה־בעט. ביים טיש זיצען זיינע קינדער און אייניקלעך, אויך עטליכע אורחים, ארימע יודען, וועלכע ער האט איינגעלאדען צו זיין טיש. ס'האט זיך אנגעהויבען דער סדר, די כוסות זענען געווען אנגעגאסען און אינמיטען שטעהט „אליהו'ס־כוס“ אנגעפולט מיט אלטען וויין. א קליין יונגעלע, דעם רב'ס אייניקעל פרעגט די קשיות מיט א קלינגענדיג קול'כל. דער רב, און אלע וואס זיצען ביים טיש ענטפערן אויפ'ן קול; „עבדים היינו לפרעה במצרים“. אלע זאגען די „הגדה“ מיט בעגייסטערונג און א געהויבענער שטימונג. נאכ'ן עסען די ערשטע יום־טוב'דיגע סעודה און נאכ'ן בענשען טרינקען אלע דעם פירטען כוס פון די ארבע כוסות. אלע זענען אויפגערוימט און פרעהליך...

דער זייגער שלאגט צוועלף. אין שטוב ווערט אויף א ווייל'ע גאנץ שטיל און רוהיג, פלוצלינג דערגרייכען אין רבי לוי'ס אוירען הארץ־רייסענדע קרעכצען און זיפצען... און דאס זיפצען ווערט באלד פערוואנדעלט אין א יאמערליך געוויין... דער מהר"ל קוקט זיך ארום און ווערט פערציטערט... אלע זיצען ביים טיש מיט די כוסות אין די הענד, אבער זיי הערען גארנישט און ווייסען פון גארנישט. דאס געוויין ווערט וואס אמאל שטארקער, וואס אמאל שרעקליכער. רבי לוי'ס בני־בית און זיינע אורחים זאגען ווייטער די הגדה און זינגען די קאפיטלאך פון „הלל“. מ'עפענט די טהיר און אלע זאגען „שפוך חמתך“ מ'שטעלט זיך אויף און מ'מאכט א לוסטיג טענצעל. נאר דער בעל־הבית, רבי לוי, ער זאגט נישט, זינגט נישט, און טאנצט נישט מיט זיינע אויגען זענען געווענדעט צו דער אפענער טהיר און זיין פנים דריקט אויס אומעט און טרויער...

וואו איז ערגיץ אליהו הנביא? יעדעס יאהר אין דער זעלבער צייט בעווייזט ער זיך אין זיין שטוב און ער האט איהם צו גאסט, און פארוואס זעהט מען איהם נישט אויך דאסמאל? וואו איז ער אצינד? און ווידער אמאל הערט רבי לוי דאס זעלבע געוויין, אלעמאל העכער, אלעמאל מעהר... דער עולם זאגט ווייטער און מ'זינגט זיך צו די פרעהליכע שטיקלעך פון דער הגדה. „שטעה אויף, דו געטרייער פאסטוך און ראטעווע דיינע שעפעלעך! געה אין שול אריין און בעט פאר זיי רחמים!“ — קלינגט אין רבינ'ס אוירען א בעטענדיגע שטימע. דער אלטער רבי לוי, קען מעהר נישט איינזיצען אויף זיין ארט; ער הויבט זיך אויף אזוי ווי ער איז אנגעטהון מיט'ן קיטעל און מיט'ן ווייסען מיצעל אויפ'ן קאפ און געהט ארויס פון דער שטוב. געגענאיבער דעם רב'ס הויז איז געשטאנען די שוהל, וואס פון דארט האט זיך געלאזט הערען דאס געוויין אין זיינע אוירען. „שנעלער, שנעלער, געה, דו געטרייער פאסטוך און ראטעווע דיינע שעפעלעך פון א גרויסע סכנה!“ הערט ער דאס זעלבע קול צום צווייטען מאל. אויפהויבענדיג זיינע אויגען, האט זיך איהם אויסגעוויזען אזוי ווי צוויי שטערן פאלען אראפ פון הימעל אויפ'ן דאך פון דער שוהל „שטעה נישט, דו געטרייער פאסטוך! קום שנעלער און ראטעווע דיינע ארימע שעפעלעך!“ הערט ער צום דריטען מאל. אזוי ווי א פייל פון בויגען לופט ער שנעל אין שוהל אריין. אריינקומענדיג אין שוהל, זעהט ער פאר זיך א גרויסע מאסע; אלע זענען זיי איינגעהילט און ווייסע קליידער, אלע וויינען און קלאגען... דער ארון הקודש איז אפען און די הייליגע „ספרים“ וויינען מיט א שרעקליכע פערביטערונג... רבי לוי דערנעהנטערט זיך צום ארון

הקודש און קוקט אריין — וועט ער, ווי א פלאש מיט בלוט שטעהט צווישען די ספרי-תורה. האט ער ארויסגענומען די פלאש מיט'ן בלוט, און אויף דעמזעלבען ארט ארייגעשטעלט א פלאש ווייז. דער ארון הקודש האט זיך פערשלאסען און באלד איז פערשווינדען די גאנצע מחנה מיט די ווייסע קליידער און די הייליגע ספרים זענען אויך געבליבען שטעהען רוהיג אויף זייער ארט. רבי לוי האט זיך באלד צוריקגעקעהרט אין זיין שטוב אריין צו זיינע קינדער און געסט, וועלכע האבען אויף איהם געווארט מיט גרויס אונגעדולד. ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין ארט און זיך אונטערהאלטען מיט'ן עולם ביז שפעט דערצעהלענדיג פון יציאת מצרים יענע גאנצע נאכט.

3.

צומארגענס, אין דער צייט ווען אלע פראגער יודען זענען געוועזן פערזאמעלט אין שוהל צום דאווענען; דער רבי שטעהט אויף זיין ארט ביים ארון־הקודש און דער חזן הויבט אן די תפלה פון שחרית ער זאגט די „ברכות“ און האלט שוין ביי דער ברכה „אוזר ישראל בגבורה“ — און זעה, פלוצלינג פאלט אן א שרעק אויף דער גאנצער עדה יודען. א גאנצער פולק מיט זעלנער בעוואפענטע מיט כלי־זיין, האבען ארומגערינגעלט די שוהל פון אלע זייטען. דער בישאף מיט א חברה גלחים, און צווישען זיי דער גלח־משומד, האבען זיך ארייגעלאזט אין שוהל אריין אזוי ווי די בייזע וועלף. א טויט שרעק איז אנגעפאלען אויף אלע יודען וואס זענען געשטאנען איינגעהילט אין די טליתים און ס'איז געווארען שטיל אזוי ווי אויף א בית־הקברות... נאר רבי לוי איז זיך געשטאנען רוהיג אויף זיין ארט און ער האט נישט אויפגעהערט צו דאווענען „שוויג, דו אלטער מערדער! — האט דער בישאף אויסגעשריגען מיט צארן — מיט'ן מויל לויבט איהר ג—ט, אבער אייערע הענט זענען פול מיט אומשולדיג בלוט, פון קריסטליכע קינדער! איהר האט שוין גענוג פערגאסען אונזער בלוט! אצינד איז שוין געקומען דער סוף און איהר זענט געכאפט געווארען ביי דער האנד!“ אין דער צייט ווען דער בישאף האט אזוי געזידעלט דעם אלטען רבי לוי; איז דער גלח־משומד ציגעלאפען צום ארון־הקודש ארויסגענומען פון צווישען די ספרים א פלאש און ער האט זי א בערגעגעבען אין דער האנד פונ'ם בישאף. און וואס וועסטו זאגען אצינד, דו אלטער רוצח? וועמענס הענד האבען פערגאסען דאס דאזיגע בלוט? — האט דער בישאף אויסגערופען מיט א קול פון א זיגער. - - וואס זאל איך זאגען? — האט דער מהר"ל געענטפערט אין א מילדען טאן — איך זאג דיר אז דו ביסט א ליגנער, כישאף! ווייל נישט בלויז מענשען־בלוט, נאר אפילו דאס בלוט פון אנדערע בעשעפענישען איז אונז יודען פערבאטען צו געניסען, נישט קיין פלאש מיט בלוט האט איהר ביי אונז געטראפען, נאר א פלאש מיט וויין, וואס מיר האבען אנגעגרייט צום „קידוש“. אדרבא, זאל עמיצער פון אייך פערזוכען, וועט מען זעהן מיט וועמען ס'איז דער אמת! דער בישאף און נאך עטליכע גלחים האבען פערזוכט פון דער פלאש און זיי זענען געווארען בלאס ווי דער קאלך... א פרייד האט ארומגענומען אלע יודען, וועלכע זענען געוועזען פערזאמעלט אין שוהל און דער בישאף מיט זיינע גלחים זענען ארויס פון דארטען פערשעמט און מיט אראפגעלאזטע קעפ.

ווען זיי זענען ארויסגעגאנגען, האט דער הייליגער מהר"ל געגעבען א צייכען, אז מ'זאל ווייטער דאווענען און דאנקען דעם בעשעפער מיט לויב־געזאנגען פאר דער גרויסער הילף וואס ער האט זיי געטהון.

נאכ'ן דאווענען זענען אלע יודען אהיים געגאנגען, און זיי האבען פערברענגט דעם גאנצען יום־טוב פון אונזער בעפרייאונג מיט גוטע סעודות און מיט פול פרייד.

## גענעראל־פערזאמלונג פון דער חברה „מגדלי יתומים“
### קראקא, דיעטעלסגאס 64.

וועט פארקומען זונטאג ב׳ דחוהמ"פ דעם 5 אפריל 1931 א זייגער 3·30 נאכמיטטאג אין אייגענעם געביידע דיעטעלסג. 64, מיט פאלגענדען סדר היום:

1) פארלעזען דעם פראטאקאל פון דער לעצטער גענעראל פערזאמלונג
2) אלגעמיינער און קאסא בעריכט
3) בעריכט פון דער רעוויזיאנס־קאמיסע
4) וואהל פון 16 אויסשוסס־מיטגליעדער
5) וואהל פון א רעוויזיאנס קאמיסיע
6) אנטרעגע און אינטערפעלאציעס.

ד"ר מעד. רפאל לאנדוי פרעזעס

אדוו. ד"ר לעאן ריפ סעקרעטער.

בעמערקונג: ביים פעהלען פון א קאמפלעט וועט פארקומען די 2־טע גענעראל פערזאמלונג דעם זעלבען טאג אין זעלבען לאקאל א זייגער 4·30 נאכמיטאג אהן ריקזיכט וויפיעל מיטגליעדער ס'וועלען זיין אנוועזענד.



ברכת מז"ט לבבית לאחותי המהוללת מרת **דבורה** לבואה בברית האירושין את ב"ג הבחור החשוב כמר אליעזר אייזענמאן.

אחי׳ שמעון לאנדוי.

# קליינער פעליעטאָן.

## נייע י״ג עיקרים.

חט״פ וועט אין קראקא אבגעהאלטען ווערען אַ צוזאמענפאר פון מזרחי־יוגענד „השומר הרתי" פון גאנץ פוילען איז אודאי זעהר א גלייכע זאך אַז די מזרחי ארג. וויל די קינדער פון מזרחיסטישע עלטערען אָרגאַניזירען און זעלבסטשטענדיגע יוגענד פערב. בכדי זיי צו דערהאלטען ביים יודישקייט און אז זיי זאלען נישט אריינ־פאַלען אין די ציוניסטישע „חלוצים". און „שומרים" ארגאניזאציעס וואס פטרפיהרען יודישע קינדער גאנץ ווייט און די ראד־קאלע לינקע לאגערן אריין ווי זיי ווערען געגצליך פערפרעמדעט פון יודישקייט.

עס פרעגט זיך אָבער צו די מעטאדען, וועלכע זיי שלאגען אָן זענען ריכטיג, עס ליעגט פאר אונז א בראשורע „השומר הדתי" וואס עס דארף זיין אזוי צו זאגען דער „אני מאמין„ פון אָט די שומרים און באלד פון פארענט זענען אויך דאָ „י״ג עיקרים להשומר הדתי" וואס עס איז ממש א פראפאנאציע פון די י״ג עיקרים, וועלכער רמב״ם האט עס עפעס מתקן געוועזען נייע י״ג עיקרים פאר יודישע יונגלעך און וואס פאר אפנים האבען עס מישטיינ׳ם געזאגט די נייע עיקרים? פון יוצא וועגען ווערט אמאל אריינ־געווארפען בדרך אגב אַ וואָרט וועגען יודישקייט, זאנסט קענען די אלע עיקרים אונטערגעשריעבען ווערען אפילו דורך די לינקסטע אנטי רעליגיערע חלוצים און שומרים חברות.

נייע י״ג עיקרים פאר יוגענד׳ קינדער ווייסען נישט מבחין צו זיין, ווייסען נישט אז דאס האט אָנגעשריעבען עפעס א נאוויש יונגעל און נעמט עס ערנסט. און ווי ווייט איז דאן צו נייע עשרת הדברות און א נייער תורה, א ספעציעלער מזרחי־תורה פאר די מזרח־יונגלעך.

און ווי פערשטופט מען האט דאס נעביך די תורה? דער ניינטער עיקר איז; חובב הטבע, ליעב-האבען די נאטור און ערשט דער צוועלפטער עיקר איז לערנען תורה, מ׳געהט זאגאר בהדרגה מיט׳ן פערשטופען די תורה אין א ווינקעל. אינ׳ם העברעאישען טייל לויטעט עס אז א שומר דאיף זיין נאמן לתורת ד׳ לעמו לארצו ושפתו, אינ׳ם פוילישען טייל שטעהט צוערשט מ׳דארף זיין טריי דער נאציע, דער רעליגיע און דעם פאטערלאנד. א פאר זייטלעך שפעטער איז שוין די תורה גענצליך דעגראדירט און א וועקגעשטעלט אינגאנצען צום לעצט. מ׳דארף זיין געטריי דעם פאלק דעם פאטערלאנד און אלס צוטאט אויך דער תורה.

אז מ׳שמועסט בכבל סחורה דאיף מען זיך אודאי שעמען מיט איר און זי אוועק שטעלען אין א ווינקעל.

אהא! רתורה! תורה! חנרי שס! ר.

---

# קאמוניקאט.

אויף דער איניציאטיווע פון דער פא״י צענטראלע וועט זונטאג און מאנטאג חיהמ״פ פארקומען אין קראקא, אינם נייעם ב״י סע־מינאר בנין, א פגישת חברים פון די ארטיגע פא״י גרופען פון מערב גאליציען, שלעזיען און זאגלעמביע, מצד דער פא״י צענ־טראלע וועט זיך אין דער קראקאווער פגישה משתתף זיין פרעז. ח׳ י. ל. ארלעאן.

סדר היום פון דער פגישה:

זונטאג חוהמ״פ א זייגער 11 פארמיטאג

1) פייערליכע ערעפנונג. 2) בעגריסונגען.

3) דער מצב פון פא״י אינם יעצהיגען מאמענט — רעפעראט פון ח׳ י. ל. ארלעאן.

נאכמיטאג א זייגער 4 נאכמיטאג

4) וואס ערוואַרטען מיר פון דער 2־טער לאנד־קאנפערענץ? — רעפעראט ח׳ דוד ראזענפעלד.

5) דער חוב פונ׳ם רעליגיעזען ארבייטער כלפי ארץ ישראל — רעפעראט דר. בנציון פעסלער.

6) בעריכט פון די ארטיגע פא״י גרופען.

7) ויכוחים.

מאנטאג ב׳ דחוהמ״פ א זייגער 11 פריה וועט פארקומען א אויס־פלוג קיין וויעליטשקא אין די זאלץ גרובע.

אלע פא״י גרופען אין די דאזיגע ראיאנען, ווערען געבעטען תיכף ומיד מודיע צו זיין דעם קראקאווער סעקרעטאריאט מכח זייער אנטייל אין דער פגישה.

מאנטאג א זייגער 7 אווענט וועט פארקומען א גראנדיעזע מאסען מיטינג מיט דער בעטייליגונג פון א גאנצע רייהע ארט. רעדנער.

אלע פראווינץ־אנטיילנעמער פון דער פגישה וועלען בעקו־מען א באהן־הנחה פון 50 פראצ.

די אדרעס פון סעקרעטאריאט איז

P. A. I., Kraków, Dietla, Astorja.

---

מ. בערקאָוו.

# דער „חדושי הרי״ם" ז״ל.

## צו זיין 65־סטער יאהרצייט.

כ״ג אדר איז אויסגעפאַלען די 65־סטע יאָרצייט פו אדמו״ר רבי יצחק מאיר אלטער ז״ל, בעוואוסט אונטערן נאמען „דער חדושי הרי״ם", וועלכער האט מיט זיך געעפענט א נייע תקופה פאר׳ן חסידות און לומדות. און וועלכער האט געשמ׳ט אין דער גאנצער וועלט אזוי מיט זיין גאונות בנגלה, ווי אויך בחסידות.

דער „חדושי הרי״ם" איז געבוירען געווארען אין יאָר תקנ״ט. ביי זיין פאטער ר׳ ישראל אבד״ק זאגנישאָב, (לעצטענס אין גורל וועלכער האט געשטאמט פון גרעסטען יחוס פון מהר״ם מרוטענ־בורג, ב״ח א. א.

זיין מוטער חיה ישי׳ה, וועלכע האט געשטאמט פון קאזשעני־צער מגיד ז״ל, האט אים פון צייט צו צייט געברענגט צום מגיד. און דער מגיד האט שוין דאמאָלס, אויף אים פאָראויסגעזאָגט: אז ער וועט פערשיינען די וועלט מיט זיין תורה.

און ווירקליך האט ער שוין אלס קינד ארויסגעוויזען גאונישע־פעהיגקייטען, זיין פאטער לערענט מיט אים די שווערסטע ענינים. און אלע האבען איינגעזען, אַז ער וועט אויסוואקסען. אלס איינער פון די גרעסטע תורה־ריזען ביי יודען.

זיינע קינדער יארען פערברענגט ער אין קאזשעניץ, און לערענט צוזאמען מיט׳ן מגיד׳ס תלמודים און אייניקלעך.

עלטער ווערענדיג, פארט ער אוועק לערנען אין דער ישיבה פון בעוויסטען גאון רבי לייבוש חריף (צונץ) פון פלאצק.

זיין נאמען האט שוין דאמאלס געקלינגען אין גאנץ פוילען, פון טאג צו טאג איז געוואקסען זיין רוהם אלס למדן און עילו, ווערענדיג אומעטום גערופען „דער פוילישער עילו".

דער בעוואוסטער גביר והקצין ר׳ משה חלפן (ליפשיץ) פון ווארשא נעמט אים צו 13 יאר פאר א איידעם. (אין די שפעטערע יארען איז אויך דער רבי פון קאצק ז״ל דארט געווארען אַ איידעם אזוי ארום זענען זיי ביידע געווארען שוואגערס).

## אומערהערטער כשרות סקאנדאל אין קראקא!

אונטער דעם טיטל קריסטליכע דיענסטען אין קראקא ענען געווארען — שוחטים! שרייבט א ווארשאווער צייטונג וועגען דעם שרעקליכען מצב פון כשרות אין קראקא אט וואס, זייט א לענגערע צייט פאדערן די יודען פון אינערליכען טייל פון שטאט (קריסטליכע גאסען) אז מען זאל זיי, א חוץ מיט שטייערע, בעזארגען אויך מיט א דין, שוחט א. ד. גל. אבער די קראקאווער קהלה האט נישט געפינען פאר נויטיג עפעס אין דער אנגעלעגענהייט צו טהון. סהאט זיך געשאפען אזא מצב וואס איז נישט געהערט געווארען אין קיין שום יודישער שטאדט, עטליכע שוחטים געהען ארום אין די הייזער שעכטען אין דעיהיים ביי יעדען וואס דארף אהן א קאנטראל פון ראבינאט און קהל.

עס טרעפט זעהר אפט דאס די קריסטליכע דיענסטען שעכטען אליין די עופות זאגענדיג „זשעזשניק יוש בול“ דער שוהט איז שוין געוועזען, ווייל עס גליסט זיך זיי נישט צו געהען אויפזיכען דעם שוחט און בעצאהלען איהם דער פאר.

דאס איז דער קיצור פון דער נאטיץ אין דער אויבענדערמאהנטער צייטונג אין טראשץ וואס אין געוויסע פרטים איז די צייטונג נישט גענוי אינפארמירט מוזען מיר אבער לידער דעם הויפט פאקט בעשטעטיגען. ס׳זענען צו אונז דערגאנגען גאנץ גענויע ידיעות וועלכע בעשטעטיגען אז ס׳קומט פאר דאס די דיענסטען שעכטען אליין און זאגען דער שוחט איז געוועזען, עס איז איבעריגענס גאנץ פערשטענדליך. אין די פעריפעריען שעכט לעצטענס דער פיאנדניקער שוחט ר׳ פנחס. אזוי ווי ער האט אבער נישט קיין מקום קבוע צום שעכטען איז אויב מ׳וויל שעכטען אניעוף בעדארף מען שרייבען א פאר טאג פריער א קארטעל אדער אריינוואַרפען א צעטעל אין א בריעף קאסטען ביי א געוויסען יוד אויפ׳ן קלעפארז, דער יוד איז ערשט מודיע דעם שוחט אין דעם אנדערען טאג בעזוכט ער דעם בעטרעפענדען וואס דארף לאזען שעכטען אניעוף עס איז גאנץ פשוט אז אזא אומדערלאזבארער מצב ברענגט צו פיעל מכשולים.

דער קראקאווער רב שליט״א האט שוין איינינע מאהל עפענטליך אויף זיצונגען פון דער קהלה פערוואלטונג — אויפגעפאדערט קהל צו שאפען א ארט צום שעכטען עופות פאר די יודען פון די קריסטליכע גאסען און די פארשטעדט, קהל קימט אבער אפ מיט תירוצים.

דער גאנצער צושטאנד איז א אומדערהערטע עוולה אין פשוט א חרפה פאר א שטאדט ווי קראקא.

ווי האט מען עס גאר דערלאזט אזוי ווייט צו קומען? איז עס דאך די ערשטע פליכט פון א רעליגיעזער קהלה צו זארגען פאר כשרות און שחיטה!

מיר אפעלירען צו די ארטאדאקסע פרנסים און דאזארעס אנצווענדען אלע כחות אז דער ענין זאל ווי אמשנעלסטען פאזיטיוו ערלעדיג ווערען ווייל ביי א ביסעל גוטען ווילען איז די זאך גאנץ גרינג צו ערלעדיגען. מ׳קען דינגען אביידעל און מאכען א צימענטירען קעלער אויף צו שעכטען עופות, אזעלכעס מוזען די בעהערדען דערלויבען, אזוי פראקטיצירט זיך אויך אין ווארשא און אנדערע גרויסע שטערט.

## וועלט קאנגרעס געגען קאלענדער־רעפארם.

(נאך רעדאקציע שלוס ערהאלטען מיר פאלג. טעל. ידיעה.)

דעם 28 און 29 אפריל קומט פאר אין וויען א וועלט־קאנגרעס געגען קאלענדער־רעפארם און בלאנקא־טאג. אויך קראקא איז איינגעלאדענט געווארען צו פערטרעטען מערב־גאליציען.

---



---

די חתונה איז פארגעקומען אין ווארשא, נאך דער חתונה, זענען זיי געפארען קיין קאזשעניץ. און געגעסען קעסט ביים מגיד ז״ל.

אבזייענדיג אין קאזשעניץ עטליכע יאר קומט ער צוריק קיין ווארשע באלד האבען זיך ארום אים גרופירט די גרעסטע ווארשאווער לומדים, וועלכע זענען ערשטוינט געווארען פון זיין לומדות, און גאונות.

צו 17 יאר האט ער שוין מחבר געוועזן זיין ריזיג־ספר „חדושי הרי״ם“ אויף נטין. וועלכעס שפרודעלט מיט א בעזונדער שניידענדע חריפות, אויסגעצייכנעטען מיט שכלדיגע שארפקייט, און דורכגענומען מיט טיפער דורכגעטראכקייט.

אין אנהייב פון כתב יד שרייבט ער: „אלה הדברים אשר חנני הבורא ית״ש ברחמיו המרובים, לחדש כתורתו הקדושה, ואני תפל. כא׳ חי. יזכני לעמוק בתורתו לשמי הקדוש והטהור... ולהיות מעבדיו האמתים ההולכים לפניו בתום וביושר, ועובדים אתו בכל לבבם, ונפשם ומאודם, ובכלית הנפש אליו ית״ש, ככתיב צמאה לך נפשי, ולקיים מה שנאמר את ה׳ אלקיך תירא אותו תעבוד ובו תדבק. כ״ד הקטן יצחק מאיר כהר״ב מורי יצ״ו. לפ״ט ובו תדבקון לפ״ק. (תקע״ו).

פון צייט צו צייט פלעגט ער פארען קיין קאזשעניץ, צום מגיד ז״ל, זייענדיג איינער פון זיינע חשובסטע חסידים.

ווען דער מגיד איז נפטר געווארען, אין יאהר תקע״ה, און ממלא מקומו איז געווארען זיין זוהן רבי משה אליקים בריעה, איז דער „חדושי הרי״ם ז״ל ווייטער געפאהרען צו איהם, און די אהבה פון רבי משה׳לען צו אים איז געווען אויסערגעווענליך.

אין יענער צייט האט אנגעהויבען מפרסם ווערען אויף דער וועלט דער רבי ר׳ בונם ז״ל, טראץ די גרויסע התנגדות וואס ער האט ארויסגעריפען צו זיך, מצד דעם גרעסטען טייל חסידים, האבען אבער די יחידי סגולה, דערפילט אז א גרויס ליכט האט אויפגעשיינט אין דער וועלט פון חסידות.

דער „חדושי הרי״ם“, האט דערפילט א תשוקה. זיך צו זעהען מיט׳ן רבין ר׳ בונם, ווי ער וואלט געפילט. אז נאר ער איז אים־שטאנד משפיע צו זיין אויף אים, און ער האט בעשלאסען צו פארען קיין פשיסכא.

דער צו האבען אויך צוגעהאלפען איניגע פשיסכער חסידים פון ווארשע. ליט ווי חסידים דערצעהלען איז די סבה געווען: וואס איינמאהל שבת ביי טיש האט אים רבי משה׳לע ז״ל געגעבען א קיש אין קאפ, דער „חדושי הרי״ם האט דערנאך

# שיחות חוליז של ת״ח צו דער הגדה.

## ער איז אלע פיער!

צו ר׳ דוד׳ל טאלנער איז אמאל געקומען פאר פסח א יוד א געפאלענער זיך פראווען. ער האט איבערגעגעבן דאס קוויטעל זעהט דער רבי אז אין קוויטעל איז נישט אנגעגעבן דער נאמען פון די שטאָדט.

פרעגט אים דער רבי — פון וואנען זענט איר? איך בין פון דער הגדה — לויטעט די תשובה ר׳ דוד׳ל טאלנער האט זיך תיכף אריענטירט און אים א פרעג געטון וואס הייסט? אין דער הגדה זענען דאך ד׳א פיער? איך בין טאַקי אלע פיער, ענפערט דער יוד — ווי אזוי? — א חכם בין איך ווייל עס שטעהט דאך ולא לחכמים לחם — אַ רשע ווייל לוה רשע ולא ישלם, איך בין א בעל חוב און צאהל נישט — א תם. איך האב שוין דאס צווייטע מאָהל אנגעזעצט — אַ שאינו יודע לשאול, איך וויים שוין נישט ווי מיר צו בארגען.

## דער סוד פון חד גדיא!

דער רבי ר׳ העשעל פון קראקא איז געוועזן שוין אלס קינד זעהר בערימט מיט זיין חריפות און שארפען פערשטאנד, ביים סדר האט דער פאטער אים פערטייטשט „חד גדיא" — א ציגעלע, א ציגעלע וואס דער טאטע האט געקויפט פאר צוויי גולדען.

דאס קינד בעוואָרפט דעם פאטער מיט פיעל פראגען.

וואס? — וואונדערט זיך דאס קינד — א צינעלע פאר צוויי גולדען? א ציגעלע דארף דאך קאסטען מינדעסטענס צוואנציג גולדען? ס׳איז א סוד דער ביי — ענפערט איהם דער פאטער.

אזוי? איצט וויים איך שוין אלעס — רופט זיך אָפ דער קליינער העשעל — אז דער טאטע וואס איז נישט קיין סוחר דערפון האט געקויפט א ציג — אין מיטען דער נאכט — און פאר צוויי גולדען און ס׳איז נאך א סוד דערביי — איז עס זיכער א גנבה.

# וואר. קאלענדער

מיט היסטאָרישע דאטען און יאָהרצייטען.

פרייטאג ט׳ ניסן

נפטר געווארען ר׳ בנימין זאב כהן ראפאָפּארט ב׳ שמלת בנימן.

אין עסטרייך זענען אומגעקומען אויף קה״ש 400 יודען.

שבת י׳ ניסן שבת הגדול

געשטארבען מרים הנביאה, יודען געהען אריבער דעם ירדן.

געשט. דער רי״ף 90 יאהר אלט, ד׳ תתר״ג.

שצ״ג וולאדיסלאוו 4. בעשטעטיגט די רעכט פון די לובלינער יודען.

הק׳ אשר אנשיל ב״ר צבי פארברענט געווארען אין קראקא אויף קה״ש שצ״א.

זונטאג י״א ניסן

יהושיע בן נון איז מל די יודען.

בלוט בלבול אין ליסא עסלאר אונגארן תרמ״א.

מאנטאג י״ב ניסן

עזרא גייט מיט די עולי בבל קיין ירושלים ג׳ תי״ג.

ר׳ תר״ע ר׳ משה מאנטעפיארע קומט אויף אנאווידיענץ פאר קאיזער ניקאָלאַי 1.

דיענסטאג י״ג ניסן

המן פועלט ביי אחשוורוש׳ן די גזירה צו הרג׳נען אלע יודען.

יאָהרצייט פון ב״י ר׳ יוסף קארו שליה.

יאהרצייט פון ר׳ משה אלטיך של״ה,ביידע אין צפת.

מיטוואָך י״ד ניסן

ד׳ תתצ״ה איז געבוירען געווארען דער רמב״ם.

דאנערשטאג ט״ו ניסן דער ערשטער טאָג פסח

זענען די יודען ארויס פון מצרים דורך רעמסס ביז סכות.

געשט. פויזנער רב ר׳ יעקב ב״ר יצחק דער רבי פון מג״א.



געזאָגט! „אַ רבי וואס קישט מיך דארף איך נישט, איך דארף א רבי וואס זאל פון מיר רייסען די אָדערען".

ווען רבי מיכה׳לע ז״ל איז דערפין געוואהר געווארען, אום שבת האט ער נעהאט גרוים ענמת-נפש, וואס ער האט פערלוירען דעם בעסטען פון זיינע תלמודים, און זיך אונגעריפען: „דערפאר וואס ער האט מיר פערשטערט מיין שבת, וועלען אים פערשטערט ווערען א סך פון זיינע שבתים" אין צוליב דער כללה — דער־צעהלען חסידים — זענען דעם „חידושי הרי״ם" אויסגעשטארבען אלע זיינע קינדער בחייו, אלע אום שבת. און אויך דער „חדושי הרי״ם" אליין איז נפטר געווארען אום שבת.

אָנקומענדיג קיין פשיסכא איז די שמחה, צווישען דעם רבי׳ן ר׳ בונמים תלמודים, געווען אין לשער. א קלייניגקייט „דער פוילישער עילוי" דער רבי ר׳ בונם ז״ל האט זיך מיט אים פערשלאסען, און געשמועסט אַ לאנגע צייט.

דער „חדושי הרי״ם איז צוריקגעקומען קיין ווארשע, א הייסער פשיסכער חסיד, און אָנגעהויבען פערשפרייטען דעם דרך פון רבי׳ן ר׳ בונם.

אין ווארשא גרינדעט דער „חדושי הרי״ם" א גרויסע ישיבה, עס זאמלען זיך באלד ארום איהם די גרעסטע לומדישע בחורים וועלכע שעפען, מיט דורשט פון זיין תורה-קוואל, און הגם עס האבען דאמאלס עקזיסטירט אין פוילען, פיעל גרויסע ישיבות. זענען אבער. פיעל, געקומען צו איהם לערנען, זאגענדיג: „אז אזא „שיעור עיון" ווי ער זאגט, האבען זיי נאך נישט געהערט".

פון צייט צו צייט איז ער געפארען קיין פשיסכא. דאס התקרבות וואס דער רבי ר׳ בונם האט ארויסגעוויזען לגבי אים. איז געווען אויסער געוועהנליך, בעזונדערס שטארק איז געווען דאס גוט פריינטשאפט צווישען אים און דעם רבי׳ן פון קאצק שטענדיג ווען ער איז געקומען קיין פשיסכע, האבען זיי צוזאמען געשמועסט און זיך פערטיפט אין די העכסטע ענינים.

דער חדושי הרי״ם איז געווען דער ערשטער פון זיינע תלמידים. ווען דער רבי ר׳ בונם האט געהייסען רופען: „איהר" זאגענדיג איינמאל ר״ח צו זיינע תלמודים: „איהר זאלט וויסען אז איצטער האט מען געגעבען אין הימעל. דעם טיטול מורה מורנו. ר׳ יצחק מאיר ווארשאווער, און מיר אלע דארפען אים אנטוען כבוד, כמיין אייך דעם הרו״ם פון טאָמאַשאָו", פון דאמאלס אָן אָז האט אים רבי ר׳ בונם אריין געהסען „איהר"

ווי ווייט דער „חדושי הרי״ם" איז געווען געאכטעט אין פשיסכע קען מען זעהן פון דעם פאקט: ווי בעוואוסט האבען די פשיסכער חסידים געהאט דאמאלס אויף זיך גרוים התנגדות מצד אנדערע חסידים.

בראש פון די געגנער זענען געשטאנען הרה״ק ר׳ יעקב שמעון דייטש פון זעלינאָב, און הרה״ק ר׳ יוסעלי יארטשעווער דער לעצ־טער איז געווען א תלמוד פון אפטער רב ז״ל בעל „אוהב-ישראל".

גראד דאמאָלס איז פארגעקומען די בערימטע, גרויסע רבי׳שע-חתונה אין אויסטילא, צווישען דעם זבאטשאווער מגידס און דעם אַפטער רבס א אייניקעל, און געש־

## פון קראקאווער קהל.

אויף די לעצטע זיצונג פון קהל־ראט איז פעסט נעשטעלט נעווארען אז דאס מעטאריאל וועגען בודזשעט וואס דער ראט האט אריינגעגעבען אין מאניסטראט האט דאך געהאט א פעולה אויף אזוי פיעל אז דאס מאגיסטראט האט נישט סתם נעפסל'ט דעם בודזשעט נאר אנגעוויזען מיט וועלכע פאזיציעס זיי זענען נישט מסכים. דער ראט בעטראכט עס אבער פאר א פערשמעלערונג פון זיינע רעכט בעשליעסט דערום צו מאכען א רעקורס אז אלע קוועסטיאנירטע פאזיציעס א חוץ פאזיציע 29 — סובסידיע פאר'; טעאטער — זענען אין הסכם מיט'ן ארטיקעל 3. פון קהלה־געזעץ (הוצאת פאר רעליגיעז ערציהערישע צוועקען). עס איז נעשאפען געווארען א קאמיסיע צו רעדאגירען דעם רעקורס און געהעריג מאטיוען יעדער רעקורסירטע פאזיציע די קאמיסיע בעשטעהט פון וויצע פ. ר' פייוויש סטעמפעל און דר. שווארצבארד.

דאן בעשליעסט דער ראט אז ס'זאל קודם כל אויסנעצאהלט ווער:ן די סובוועגציעס פאר חינוך־אינסטיטוציעס און ארבייטסלאזע.

עס ווערט נאך דאן בעשטעטיגט דער פערוו. א קרעדיט פון 30 טויזענר זלאטי אויף די פסח אקציע.

## צו וועט אויך די קראקאווער קהלה אויפגעלעזט ווערען?

זייט א געוויסער צייט קורסירען אין די מאסגעבענדע קרייזען עקשנות'דיג קלאגען אז די קראקאווער קהלה האלט אויך ביי אויפגעלעזט ווערען.

אין די קרייזען פון קהל איז מען נישט בכח די קלאגען אפצולייקענען. עס ווייזט אוים אז זיי האבען א וועלכען עס איז יסוד.

גבאים וואהלען אין דער רמ"א שוהל. אין דער רמ"א שוהל זענען מיט א קורצער צייט צוריק פארגעקומען גבאים וואהלען ס'זענען געוועהלט געווארען ר' י. ב. לאקס, ר' מ. גוט־מאן, ה. פלוים, יש. קאנט, ש. פליישער און טובי' גראסס מיט כמעט אלע שטימען פון די בעה"ב. דאך איז געגען די וואהלען מצד דריי בעהיב אריינגעטראגען געווארען א פראטעסט אין קהל אריין, דער פראטעסט איז דורך קהל אפגעוויזען געווארען דערום וועלען חוהמ"פ די גבאים זיך קאנסטיטואירען און וועהלען א פרעזידענט און קאסירער.

ס'איז כדאי צו בעמערקען אז דאס איז דער ערשטער פאל פון א פראטעסט געגען א גבאים וואהל אין דער רמ"א שוהל.

---

קויפט נישט אין גאס קיין ביזשוטעריע. אינ'ם ענין פון אפערעס און שווינדעלער איז קראקא א סאך הינטערשטעלינג לגבי אנדערע גרויסע שטעט ווי ווארשא, לעמבערג דאס האבען נישט געקענט בעשמערצען א גרופע לעמבערגער „ברילאנטען" און שמוק „סוחרים" און זענען לעצטע וואך געקומען אביפעל גאסט־ראלירען אין קראקא.

מיר האלטען פאר אונזער הויב אויפמערקזאם צו מאכען די קראקאווער בעפעלקערונג בעצייטענס פארזיכטיג צו זיין נישט ווארטען אויף קרבנות בעצאלענדיג טייער רבי־געלד.

די „חברה" בענוצט זיך מיט די בעקאנט שפיצלעך פון פרעגען וואו מען גייט צום קאנסילאט פאלעסטינאאמט. לאמבארד א. ז. וו. אויפגעוועג איז דער אפעריסט מגלה דעם סוד אז היות ווי ס'פעהלט איהם צו אויף הוצאות איז ער נעצוואונגען צו פערקויפען אזעלכע טייערע חפצים פאר חצי־חנם באלד קומט אינטער נאך אן א פעריסט וועלכער וויל כלומרשט אויסקויפען אדער באטש א שותף ווערען וועגדיגענדי: זיך צום נאאיוען קונה מיט א זעלכע ווערטער ווי יהודי שיתפות וכדומה, און ליינט אויך געלד און שותפות אריין בכדי וואס בעסער צו פערנארען דעם קונה רערים מוז מען אין אזעלכע פעלע זעהר פארזיכטונג זיין און נישט איינעהן מיט די „חברה" אין קיין שום אחזקות נאר דעם בלאנזענדיגען צו פירען ביז צו א פאליציאנט, אבער גלייך אין א קאמיסאריאט אריין.

---

ביזער רב'ס א אייניקעל. אויף דער חתונה זענען זיך צוזאמען גע־קומען כמעט אלע רביים פון יענעם דור, אבצוגעבען כבוד דעם אפטער רב ז"ל.

טייל פון די רביים וואס זענען געווען מתנגדים פון רבין ר' בונם, האבען רעריבער בעשלאסען, אויסצוניצען די געלעגענהייט צו ערוועקען דאס ענין פשיסכע, און מען זאל די פשיסכער חסידים צוזאמען מיט'ן רבין לייגען אין חרם ר"ל:

דער רבי בונם, געוואהר ווערענדיג דערפון, האט אליין גע־וואלט פארען אויף דער חתונה, נור דער רבי פון קאצק האט אים בשום אופ'ן נישט געלאזט, און עס איז בעשלאסען געווארען צו שיקען 5 תלמודים, צווישען זיי ר' יצחק מאיר'ן ז"ל, וועלכער האט אלס למדן געזאלט פערענטפערען אלע „קשיות" אויפ'ן רבין ר' בונם.

און ווירקליך האט דער „חידושי הרי"ם" דארט פערענטפערט אלע „קשיות" אויף די פשיסכער חסידים, און צושטערט די טענות פון די מתנגדים.

דאס התקרבות פון אפטער רב ז"ל צו אים אויף דער חתונה איז געווען גאר גרויס. נאך דער חתונה ווען די רבים האבען אנ־געהויבען טאנצען, האט דער אפטער רב ז"ל אנגענומען דעם „חדושי הרי"מ" ביים גארטעל. און מיט אים אליין געטאנצט, און אלע האבען זיך נעוואונדערט, וואס דער אפטער רב ז"ל. וועלכער איז נעווען דער זקן הדור, האט זיך גראד אים אויסנעקליבען. וואס איז דאמאלס נאך געווען א יונגער מאן פון עטליכע און צוואנציג יאהר.

פון אויסטילא האט ער נעשריבען א בריף צום רבין ר' בונם, אז אלעס איז ערלעדיגט געווארען, און אז מ'האט אים אנגעטוהן גרויס כבוד. דער רבי ר' בונם ז"ל, ווייזענדיג דעם בריף זיינע תלמודים, האט זיך אבגערופען: „א ווא דער יונגערמאן האט שוין דערגרייכט צו דער מדרגה, אז ער קען שוין פערנעמען כבוד אויך. ממש ווי ביי יוסף הצדיק, וואס האט געזאגט צו זיינע ברודער: והגדתם לאבי את כבודי בארץ מצרים".

י"ב אלול תקפ"ז איז דער רבי ר' בונם ז"ל נפטר געווארען. א גרויסער טייל האבען געוואלט בעשטימען אלס ממלא מקומו דעם רבין פון קאצק, און טייל דעם רבין ר' בונם'ס זוהן הרה"ג ר' אברהם משה ז"ל, אלעמענס אויגען זענען געווען געווענדעט צום „חדושי הרי"ם", צו וויסען וואס ער „דער פוילישער עילוי" וועט זאגען.

באלד האט זיך פערשפרייט די ידיעה אז ער פארט קיין טאמאשאוו צום רבין ר' מענדעליך ז"ל.

שפעטער ווען ר' מענדעלי ז"ל בעזעצט זיך אין קאצק, וו־וועלכעס איז נאהענט צו ווארשע, איז ער אלע מאל געפארען צו איהם, אזוי, אז ער ווערט דער אנגעזעהענסטער קאצקער חסיד. ער האט אויך געזעהן אז אלע זיינע תלמודים זאלען פארען קיין קאצק, און ווארשע איז פערוואנדעלט געווארען אלס שטאט פון קאצקער חסידים.

פול גרויסע און חשובע קהלות. האבען דעם „חדושי הרי"ם" איינגעלאדען אלס זייער רב, אויך די ווארשאווער קהלה האט אים

געוואלט אויפנעמען. נאך דער פטירה פון דארטיגען רב ר׳ שיז פויזנער אין יאהר תקצ״ט, אלס זייער רב, אבער ער, מיט זיין זיין בעשיידען עניות האט נישט געוואלט אננעמען, און פאר־געשלאגען די ווארשיאווער קהלה אויפנעמען אלס רב איר איינוואוינער רבי היים דאווידזאהן ז״ל, זאגענדיג! ער אז א גרויסער תלמוד חכם. און איז ראו לאותה איצטלא. אזוי איז טאקע געשעהן.

דאמאלס האט דער „חדושי הרי״ם" געמאכט זיין בעקאנטע נסיעה איבער גאליציען, דער צוועק פון דער רייזע איז געוועזן איינ־צושטילען דאס התנגדות צו זיין רבין מצד די דארטיגע גרולים.

ער האט אעזוכט אלע גדולי גאליציען ווי רבי אפרים זלמן מרגלות פון בראד. רבי יעקב אוירינשטיין אכד״ק לבוב בעל „ישיעות־יעקב", ווי אויך דעם ריזינער ז״ל, וואס האט דאמאלס געוואוינט אין סאדיגורי, און פיל אנדערע.

אלע האבען צו אים ארויסגעוויזען די גרעסטע התקרבות, שטוסענדיג מיט איהם אין לערנען, זענען זייער שטוינט געווארען פון זיין איבערמענשליך־שארפזיניגען מוח, און אוועקגייענדיג פון „ישיעות־יעקב" האט ער איהם בעגלייט אראפ צום טויער, און זיך מיט אים געזעגענט, מיט גרוים ליבשאפט און פרייד, געבענדיג אים אלס מתנה זיין ספר „ישיעות־יעקבי אויף אה״ע.

י״ט שבט תרייט, ווען דער רבי פון סאצק איז נפטר גע־ווארען, האבען אים א גרויסער טייל קאצקער חסידים בעשטימט אלס רבי, ער איז שוין דאמאלס אלט געוועזן 60 יאהר.

אין אנהויב האט דער „חדושי הרי״ם" נאך געוואוינט אי ווארשע, אויף קראכמאלנע גאס, דערנאך האט ער זיך בעזעצט אין קליינעם שטעטעל גור, נעבען ווארשע. ווי זיין פאטער איז די לעצט יארען געוועזן רב.

באלד איבערנעמענדיג די הנהגה, האט ער צו זיך מאגנעטיש געצויגען טויזענטער, טויזענטער מענשען׳ אזון אז אויף דעם ערש־שטען שבועות, האט זיך שוין געפינען אין גור אנעולם פון בערך 10 טויזענד יודען.

דער „חרושי־הרי״ם" האט נישט לאנג געפירט כסך הכול 7 יאר, און הסידים האבען געזאגט אז דאס זענען געוועזן „שבע־שני השבא. און ווירקליך האבען יודען אין די 7 יאר, געהאט א שפע פון פרנסה.

דער „חדושי־הרי״ם" איז נפטר געווארען שבת כ״ג אדר תרכ״ו אין עלטער פון 67 יאר. אין גור.

די טרויעריגע ידיעה, וואס האט זיך גיך פענאנדער געטרא־גען, האט ווי א דונער געטראפען אלע חסידים אין פוילען, אלע האבען זיך געפיעלט פעריתומ׳ט נאכ׳ן גרויסען הייליגען רבין, וועלכער איז געווען דער פאקס׳שער „מאיר עונו הגולה".

עס זענען פערבליבען פון אים פיל הדושים אויף ש״ס, שו״ת א. א. כמעט אלעס איז שוין, ביזען היטיגען טאג געדריקט, גע־ווארען אונטערען נאמען „חדושי-הרי״ם".

ז״ע.

# ווי מע׳ז לערנט אין קראקא און ווי זארגט קראקא פאר בחורים לומדי תורה?

## פערהער אין דער „בית מאיר" ישיבה.

די גאנצע פאַריגע וואך האט זיך געפיהרט דער פערהער אין דער ישיבה „בית מאיר" די עלטעסטע ישיבה אין קראקא און די איינציגע אזוי צו זאָגען שטעדט׳ישע ישיבה. דאנערשטאג נאכ־מיטאג איז געווען דער הויפט־פערהער אינ׳ם אייגענעם ישיבה בנין. אלס פערטרעטער פון רב שליט"א זענען געווען אנווע־זענד הרה"ג ר׳ הירש אייזענשטאדט און דעם רב׳ס זוהן ר׳ שמעלקע עס זענען אויך געווען די שענסטע תלמידי חכמים פון שטאדט דער באיאנער רבי הרה"ג הצ׳ ר׳ משה׳ניו שליט"א, דער דיין ר׳ שבתי ראפאפארט, ר׳ מיכל גינציג, ר׳ אברהם ריינהאָלד, ר׳ משה שמיעד און אנדערע, אלע זענען געווען אויסערגעווענליך ענטציקט פונ׳ם רעזולטאט פון פערהער. די בחירים האבען דורכ־געלערנט אין דעם איינעם זמן קנאפע 90 בלאט גמרא פסחים מיט תוספות וועלכע זיי געדענקען און בעהערשען מייסטערהאפט.

אנפאנגס אביסעל פערשעהמט און דערשראקען ענפערען זיי אבער שפעטער אויף אלע זיי געשטעלטע פראַגען ענפערען זיי דרייסט און מיט א זיכערקייט וואס ס׳איז ממש צו בעוואונדערן ביי אזעלכע נאך־ גאר יונגע קינדער. בעזונדערס האבען זיך אויס־געצייכענט זעליג לעווענשטיין, מענדעל ווייטץ זאוויערציע, מנשה קאהן, יצחק גניוועש סאנדז, פייוועל אלטמאן סקאווין, שמעון שטאפלער וועלכע האבען ממש געזעצט אין שטוינען די פערהע־רער עס מוז אבער אונטערגעשטראָכען ווערען אז אויך די אנדערע בחורים האבען זיך זעהר אויסגעצייכענט, כמעט אלע האבען גוט געדענקט דאס געלערנטע און מיט הבנה געענפערט אויף די געשטעלטע פראגען. ס׳איז געווען ממש א גייסטיגער פערגניגען דעם פערהער בייצוואוינען. דער ראש ישיבה ר׳ מענדעל וועקס־לער וועלכער איז אגב א תלמיד מובהק פון סאָכאטשעווער רבי׳ן דעם בעל אבני נזר און דער מנהל ר׳ אלעזר פאנצער האבען זיך פערדי׳ענט א הארציגען יישר כח פון דער שטאדט קראקא וואס זיי האבען אוועקגעשטעלט די ישיבה אויף אזא הויך אז די ישיבה איז ממש א ציערדע פאר דער שטאדט.

## די ישיבה עץ היים.

ווי ס׳לערנען פאר דער יעדליטשער רב און דעם זאקליטשינער רבס איידעם הרב פיהרער א העכערען שיעור גפ"ת מיט פוסקים האט נעמאכט א פערהער וואס האט שטארק צופריעדענגעשטעלט די איניציאטארען פון דער נאך יונגער, אבער זעהר וויכטיגער ,שיבה גבוה אין נייעם באבאווער שטיבעל.

אין דער ישיבה אין בעלזער שטיבעל. ווי ס׳לערנען איינציגע צעהנדליג בחורים פון קראקא און פון דער פרעמד אונטער דער לייטונג פון א יונגענמאן א ת"ח איז פאריגע וואך געווען דער פערהער וואס האט געגעבען בעפריעדיגע רעזולטאטען, די תלמידים האבען זיך גיט אויסגעצייכענט.

עס איז נאך צו דערמאנען דאס גערער און טשארטקאווער שטיבעל ווי ס׳לערנען פיעל בחורים גרופען־ווייז צווישען וועלכע ס׳איז פאראן פיעל בחורים שעהנע בני תורה א חוץ אנדערע שטיבלעך און בתי־מדרשים ווי ס׳לערנען פעראיינצעלטע גרופען.

די ישיבה „כתר תורה" האט געמאכט דעם פערהער פריהער ווענען וואס מיר האבען בשעתו געמאלדען.

## „אשל".

ביי געלעגענהייט איז כדאי צו ערוועהנען אויך דעם „אשל" וואס גיעט אנ׳ערך פון איבער הינדערט בחורים צו עסען בכבוד גדול פרישטיק מיטאג און נאכטמאל עס עסען דארט בחורים פון פערשיעדענע שטיבלעך און ישיבות פון „כתר תורה" „בית מאיר" און אנדערע. פאריגע וואך איז דארט געווען א פייערונג אין וועל־כער ס׳האבען אויך טייל גענומען פערשיעדענע ארטאדאקסע פאר־שטעהער און אויסגעדריקט זייער צופריעדענהייט „אשל" וואס איז אויסערגעוועהנליך וויכטיג ספעציעל פאר די עלטערע בחורים וועלכע וועלען דאך זיכער נישט געהען עסען קיין „טעג" און וועלכע עס וואלט אויסגעקומען פשוט צו הונגערען ווען נישט „אשל".

## מחזיקי לומדי תורה.

די מחזיקי לומדי תורה איז איינע פון די וויכטיגסטע חברות אין שטאדט זי בעזארגט בכבודע ארימע בני תורה מיט הלבשה בדרך כבוד און אויך טיילמאהל אין דרינגענדע פאלען מיט געלד שטיצע, הוהמ"פ וועט די חברה מאכען א זאמעל אקציע אין שטאדט, וועט וואהרשיינליך יעדער יוד שטיצען די חברה כפי מסת ידו און לויט דער וויכטיגקייט פון דער זאך אט אזוי זארגט קראקא פאר די בחורים לומדי תורה וואס געפינען זיך אין איהרע מויערן.

## די בחינה אין חדר „יסודי התורה".

מיט׳ן אנטייל פון ועד און מנהל החדר, ווי אויך פון פיעל חשובי העיר, איז פאַרגעקומען אין חדר „יסודי התורה" די האלב יעהרליכע בחינות התלמידים. די בחינה האָט געדויערט 8 טאָג, און איז געווען א גרונדליכע פון אלע דורכגעמאכטע למודים, פון תפלה ביז גפ"ת. די בחינות האָבען געמאַכט א טיפען איינדרוק אויף אלע אנוועזענדע, וועלכע זענען ענטצוקט געוואָרען פון די גרויסע ידיעות התורה וואס די תלמידים בעזיצען.

בעזאנדערס האבען זיך אויסגעצייכענט פאָלגענדע תלמידים:

אין מחלקה א׳: יצחק קארמעל, משה גאָלד, נחום טיסלאָוויטץ און בנימין שעהנדאָרף.

אין מחלקה ב׳: משה דוד קופערמאן, שלמה בערנשטיין, נפתלי גוטפריינד און משה לענקאָוויטש.

אין מחלקה ג׳: פנחס וואָלף, אלעזר שימעל, אברהם שטעגער און אברהם וויעליטשקער.

אין מחלקה ד׳: אברהם הערצאָג, יהושע קאסטמאן, עזריאל העלער און משה פערלמאַן.

אין מחלקה ה׳: אלי׳ פינקעלשטיין, לייבל קוואַדראַט, יעקב גאָלד און אשר האַמעל.

אין מחלקה ו׳: יצחק פלוטשעניק, זלמן האָכערמאַן, ישראל ליב קופערוואַסער און בעריש טשאַפניק.

אין מחלקה ז׳: חיים שעהן, דוד פריילּיך און משה ראַפאַפּאָרט.

---

פערשפרייט און אבאניערט „דאס ליכט"

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

(עליפטע פארטזעצונג).

גער'ן וואלט איך ליעבער אלישא — זאגט. וויטער דער פירסט — דיינע געסט געגעבען איין צעלט צווישען אונז, אבער דו ווייסט דאך מיר פיהרען דאָ אַ האַרט קריעגעריש לעבען צו וועלכען דיינע געסט זענען נישט צוגעוואוינט. אויך האבען מיר אַלע אונזערע פרויען אין דער היים ־געלאזט און איך האב ארויס־געגעבען א בעפעל, אז קיין פרויען טאָרען זיך אין אונזער לאגער נישט געפונען.

איך האב שוין וועגען דעם געקלערט עדלער פירסט — רופט זיך אפ אלישא — און איך רעכען אויך זיי איינצואורדנען אויף איינעם פון די גיטער וואס געהערען צו אונזער עדלען קעניג קאזימיר וועלכען אויך דו, מעכטיגער פירסט האסט געשווירען געט־ריישאפט. צו דעם צוועק האב איך געוואלט בעטען אורלויב אויף דריי טאג צו קויפען פאר זיי א הייזעל און זיי איינאָרדנען צווישען היימישע.

דער פירסט האט ערטיילט אלישא'ן דעם פערלאנגטען אור־לויב און איהם אָנגעבאָטען געלד צו קויפען א וואוינונג פאר די זייניגע. אלישא האט געדאנקט דעם פירסט די טהוסט מיינע קליינע פעררדיענסטען אזוי גוט בעלוינען, עדלער פירסט, אז איך בין בכח אליין מיינע געסט צו . בעזארגען מיט אלעם נויטען — ערקלערט, אלישא.

דער פירסט האט זיי געזעגענט אלישא האט זיי געפירט צו זיך אין צעלט אריין און זיך געגרייט אין וועג אריין.

די דיענער אלישא'ס האבען צוגעגרייט א מאהל צייט פאר די געסט. נאך דעם מאהלצייט האבען זיך די געסט געלייגט אברוהען ווייל ביי טאג האט קיינער נישט געטארט פערלאזען דעם לאגער פון די גרוזיאנער.

ביינאכט,ביים שיין פון דער לבנה האט אלישא מיט זיינע געסט אין א שעהנער קארעטע פערלאזט דעם לאגער א גאנצע נאכט געפאהרען און איידער ס'איז טאגט געווארען זענען זיי אָנ־געקומען אין א דארף וואס האט געהערט צו די גיטער פון קעניג קאזימיר און אין וועלכען ס'האט זיך אויך געפונען א קליינער יודישער ישוב.

די יודען אין שטעדטעל זענען געוועזען געוואוינט צוזעהען דורכפאהרען עמיגראנטען פון דייטשלאנד, פונדעסטוועגען איז דער גאנצער ישוב אויפגערודערט געווארען פון דער ידיעה פון די פלור־צלינגע געסט וואס דאס שטעטעל האט בעקומען, יעדער איז גע־קומען שלום געבען די געסט צו וועלכע מ'האט זיך בעצויגען מיט דרך ארץ איבערהויפט אז מ'האט געהערט אז דער גאסט איז א יוד א תלמיד חכם א רב. אלישא האט באלד אנגעהויבען זיך נאכפרעגען וועגען אָבקויפען א הייזעל מיט א שטיקעל ווירטשאפט פאר זיין פעטער און ער איז אויך אין א קורצע צייט מושוה גע־ווארען וועגען פרייז פון אזא ווירטשאפט וואס איז גראד געוועזען תיכף איבער צונעמען, דאס שטעטעל האט זיך זעהר געפרייט מיט דעם ניעם איינוואוינער און אויך ר' יהושיע מיט דער טאכטער האבען זיך געפרייט און היים געדאנקט דעם בעשעפער וואס האט זיי געראטעוועט פון אלע נויטען און זיי דורך אלע געפאהרען אדורך, ענדליך געבראכט צו א רוהיגען געזיכערטען יודישען ישוב. זיי האבען זיך זעהר געפרייט מיט דעם געדאנק, נאך די אלע צרות צו האבען א שטיקעל מקום מנוחה און א אייגענעם ־אך איבער'ן קאפ אין א אָרט ווי מ'וועט זיי נישט פערפאל.ען און זיי נישט קיין שלעכטס טוען. אונטער די הערשאפט פון א קעניג וואס לאזט נישט קיינעם קיין עולה טוען. פון די איינגעזעסענע־ יודען האבען זיי געהערט כסדר לויבען דעם קעניג קאזימיר און זיי האבען אויף זיין באָדען און אונטער זיין שוץ זיך . געהאלטען זיכער געגען אלע געפאהרען....

נישט אָנגענעהם איז זיי געוועזען דאס שיידען זיך מיט אלישא'ען וועלכער האט דעם דריטען טאג געמוזט צוריק צו זיין פירסט, אלישא'ן אליין איז אויך געוועזען זעהר שווער דאס שיידען זיך מיט די זייניגע צו וועלכע ער איז געוועזען צוגעבונדען מיט אלע פעדים פון זיין הארץ אבער דער אורלויב זיינער איז געוועזען געענדיגט און ער האט זיך געמוזט שטעלען פינקטליך אין לאגער פון ד גרוזיאנער אויב ער האט נישט געוואלט פערליערען זיין היוכע שטעלונג.

ווי גער'ן וואלט ער דא פערבליעבען צווישען יודען און מיט די זייניגע — ר' יהושיע דער פעטער אין ליעבער מחותן זיינער האט אפילו מיט איהם א שמועס געטוען מכח תכלית, די פרנסות זענען אבער ביי יודען געוועזען שלעכטע. מ'האט זיך נישט גע־קענט ענטשליעסען, אזוי גלאט' מיר נישט דיר נישט' אוועק צו וואַרפען אזא וויכטיגע און עהרענהאפטע שטעלע און מ'האט דעם ענין איבער געלאזען אויף אנדער מאל.

אלישא האט זיך מיט א צובראכען הארץ געזעגנט מיט דעם מחותן און אסתר'קען. די איינציגע נאהנטע וואס ער האט איבערהויפט, און פערשפראכען אזוי אָפט ווי מעגליך זיי צו בעזוכען און פון צייט צו צייט פון זיך לאזען הערען.

ר' יהושיע מיט זיין טאכטער האבען זיך אָנגעהויבען צו־געוויינען צום נייעם לעבען און גענומען טראכטען מכח פרנסה.

אזוי ווי דאס שטעטעל איז גראד געוועזען אָהן א שוחט און נאך פל ייש האט מען געמוזט אָנקומען צו א דערבייאיג שטעטעל עטליכע קילאמעטער ווייט, האט דאס שטעטעל בעשלא־סען אויפצונעמען ר' יהושיען פאר א שוחט ווייל — לויט ווי ער דערציילט — האט ער זיך שוין א מאל פערנומען מיט שחיטה.

ר' יהושיע איז געוועזען זעהר צופריעדען פון זיין נייער בע־שעפטיגונג, ער האט גענומען ערנסט טראכטען וועגען חתונה מאכען זיין אסתר'קען און געהאפט דאן זיך אויסצולעבען זיינע אהרען במנוחה פעיברענגענדיג די פרייע צייט אין לערנען תורה און דיענען השי"ת.

אבער וואס פאר א ווערט האבען מענשליכע פלענער !...

ס'איז געוועזען דער פריהמארגען פון א שיינעם פריהלינג־טאג, ר' יהושיע איז אהיים געגאנגען צו א קצב שעכטען עטליכע שטיקלעך בהמות, אסתר'קע איז געבליעבען אליין אין דער היים, געזעסען פאר'ן טויער וואס איז געוועזען ארומגענומען מיט א קליין גערטענדיל, געזעסען און פארטראכט געקוקט אין דער ריכטונג ווי אלישא, איהר אלישא איז געגאנגען בשעת ער האט זיך ס'לעצטע מאהל געזעגענט מיט זיי.

(פארטזעצונג פאלגט)

פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטווארטליך.

אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2'40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאָלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דאַרף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעטצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערש־טער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט־שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne“ i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.